# פנקס

פון דער אלגעמיינער פריוואטער
העברעישער פאָלקס-שולע „יבנה"
ביי „תרבות" אין שערעשעוו.

געווידמעט דער 10-יעריקער
עקזיסטענץ פון דער שולע.

שערעשעוו התרצה
1935



# פנקס

## פון דער אלגעמיינער העברעישער פאָלקס־שולע „יבנה" ביי „תרבות" אין שערעשעוו.

צוזאַמענגעשטעלט דורכן מנהל פון דער „יבנה"־שול,

**יואל וואלדשאן,**

ביי דער מיטהילף פונם מנהל, ה' י. ש. פעקער.

א האַרצליכן דאנק דריקט דער מחבר אוים די חברים: הה' אברהם קוועלמאן און טענענבוים בערל פאר די מאטעריאלן און אינפאָרמאציעס, וואָס זיינען פאר דער פארליגנדיקער אַרבעט נויטיק געווען.

אונזערע פריינד, די מיטגלידער פון דעם „שערשעווער הילף-פאריין" אין אמעריקע, ווי אויך אונזערע שערשעווער עלטערן — עסקנים די ארבעט געווידמעט.

דער מחבר

שערעשעוו, דעם 14 יולי 1935.

# פּלאַן פון דער „יבנה״ = שולע אין גראָדנאָ



# אויפרוף!

## צו אונזערע פריינד און סימפאטיקער!

אין א צייט פון עקאנאָמישע אויפטרייסלונגען, פון אַ שטייגענדע אָן אויפער פארשטארקטע יידן-האַס; אין א צייט ווען דער גורל פון אונזער פאָלק איז פארהילט אין א געדיכטן שלייער, ניט וויסנדיק וואָס ערווארטעט אונז מאָרגן... ווענדן מיר זיך צו אייך, חברים, סימפאַטיקער, מיט דעם רוף פון די שערעשעווער יידישע יונגנקע אָרימע תלמידים, וואָס שרייען און בעטן; קומט ערציהט אונז פאר מענשן, פאר יידן, פאר מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, קומט נעמט אונז ארויס פון דעם שמוץ, צו וועלכן מיר שטייען פארמשפט צו ווערן! קומט און ענטוויקלט אין אונז דעם כח, וואָס איז אונז דרינגנד נויטיק, אָפּווענדן מיט זיין הילף אלע געפארן וועלכע ערווארטן אונז אין אונזער צוקונפטיקן לעבנס-וועג....

שוין 10 יאָר, אז דער רוף פון דעם יונגנקן דור פון אייער אלטע היים שרייט צו אייך, פריינד, נאָך הילף, ליידער איז דער רוף נאָך גיט אריינגעדרונגען אין די ברייטסטע מאסן לאנדסלייטע מעבר לים. נאָך זייער א גרויסע צאָל ברידער און שוועסטער, זענען געבליבן אויסערהאלב פון דעם רוף. נאָך זייער א גרויסער טייל לאנדסלייטע זענען געבליבן קאלטבלוטיק אָן דער מינדסטער פארשטענדעניש פאר דעם אויפהאַלטן דעם עקזיסטענץ פון דער איינציקער יידישער דערציונג-אַנשטאַלט אין שערעשעוו.

די איינציקע שערשעווער קאָלאָניע, וואָס האָט יאָ גענעבן זיך א חשבון און געהעריק זיך אָפּגערופן, זענען די ניו-יאָרקער שערשעווער פריינד און אין א געוויסע מאָס, אויך די פון פילאדעלפיע.

מיר ווענדן זיך נאָכאמאָל ביי דער געלעגנהייט צו אלע אונזערע שערשעווער ברידער און שוועסטער, וועלכע זענען צושפרייט איבער אלע טיילן וועלט.

**געדענקט,** אז די עקזיסטענץ-דערהאלטונג פון אונזער שולע איז ניט קיין נדבה, נאָר א געזעלשאפטיכער חוב, וואָס ליגט אויף יעדן געבאָרענעם אין שערעשעוו, וואו ס'געפינען זיך די אָרימע קינדער פון זיינע משפחה-פריינד און באַקאַנטע.

**געדענקט,** אז דער עקאָנאָמישער קריזיס וואָס הערשט ביי אונז, לאָזט זיך אמשטארקסטן פילן אין אונזער אנשטאלט;

**געדענקט,** אז מיר טוען וואס נור מעגליך איז, אָבער אונזערע פאַראָרימטע שערשעווער איינוווינער זענען ניט ביכלת מיט די איינענע קרעפטן אויסצוהאלטן די גרויסע צאָל אָרימע שילער, וועלכע שטרעבן צו א פאָלקאָמענער מאָדערנער יידישער דערציונג;

**געדענקט,** אז אין פארגלייך צו אַנדערע שטעט שטייט איר נאָך זייער ווייט הינטער-שטעליק מיט אייער געזעלשאפטליכן חוב כלפי אייער היים;

**געדענקט,** אַז נאָר מיט אייער מיטהילף, וועט אונז געלינגען איינצוהאלטן אָט דעם ריזיקן בנין, וועלכן מיר האָבן, נאָך אזוי-פיל מיה און ארבייט אים אויפגעשטעלט.

אין נאָמען פון דער גרויסער צאָל עלענטע און אָרימע שילער פון אייערע פריינד, בעקאנטע, קרובים און שכנים, אַפּעלירן מיר צו אייער געוויסן:

**פארגעסט ניט אין אייערע אייגענע!**

**פארגעסט ניט אין אייער חוב!**

**פארשפעטיקט ניט אייער מיטהילף!**

**דער שול-קאָמיטעט.**

# פרוכט פון 10־יאריקער שווערער אַרבעט.

## אנשטאט א הקדמה.

10 יאָר זענען בליץ-שנעל אריבער, זינט דער גרינדונג פון דער „יבנה-שולע“ אין שערעשעוו. 10 יאַר פון חבלי-יצירה צו שאפען אין שווערסטע באדינגונגען ביים לייזן דערציערישע פראָבלעמען, ביי מעשה-בראשיתדיקער טאָג טעגליכער שווארץ-אַרבעט. ווי געבן דעם נאקעטן, פירוועטיקן בנין אנ׳ענטשפּרעכענדיקן אויסזען וכו׳. אין פארלויף פון די 10 יאָר האָט באדארפט געשאפן ווערן מיט ליידיקע הענט דער גאנצער אינווענטאר, ווי שול-בענק, לערן-מכשירים אין א קינדער ביבליאָטעק. אטא דער בארג פון פון מאַטעריעלע נסיונות האָט ניט ווינציק געשטערט די דערציערישע ארבעט פון די לערער אין זייער אידעישן וועג.

אָבער — ס׳איז כראי געווען די ארבעט; מיר האָבן דורכגעמאכט זייער אלאַנגן און געשלענגעלטן וועג דורך בערג און טאלן, מיט איין וואָרט: מאדערנער-וועג, אָבער עס זעט זיך דער לייכט-טורעם, וועלכער זאָגט אָן, אז מיר זיינען ארויף אויפן דרך המלך, אונזער ציל איז גאָרניט ווייט. איך וואַרף א בליק אונטער זיך און דערזע: א קינד פון דער נאָנטער פארגאנגענהייט. פון זיינע טריבע פון לעבענס-לוסט אויסגעלאָשענע אויגעלעך לאָזט זיך לייכט לייענען די געשיכטע פון זיין קינדהייט טראגעדיע. לאָמיר זען וואו דאָס קינד הייבט אָן זיין לעבנס-וועג. מיר קומען אריין אין א נידעריק-שמוציקן שטיבל; א גערוך פון „ווילגאָטש“ געמישט מיט נאָך אנדערע „ריחות“ באגעגענען אונז מיט אָפענע אַרעמס... אין דער האַלב-טונקלקייט, ווי אין א טומאַן, באמערקן מיר א מאסע לעבעדיקע קליינינקע נפשות; אין דער שפּיץ זיצט דער אכזריות-דיק-אָנגעברויגזטער מלמד מיטן לעדערנעם רימען אין האַנט; ער פּאָדערט פון א געשלאַגענעם קינד, עס זאָל אים פארטייטשן די „שווארבע“. שלאכצנדיק, זינגט אויס דאָס וויינענדיקע קינד, מיט א גמרא-ניגון, די שיינע פראכטפולע נבואה ישעיהו הנביאס: „באחרית הימים“, וואָס דערציילט פון אייביקן וועלט-שלום פון אלמענטשלעכן פרידן פון א צייט ווען דאָס אָרימע, שוצלאָזע שעפסעלע וועט ניט פארפאָלגט-ווערן פון דעם גרויזאמען וואָלף... (וגר זאב עם כבש). איבערן חדר קריכן אָדם-נאקעטע אויף אלע פיר דעם רבינס קינדערלעך...

דערגענצנדיק די „הארמאָניע" פונם „דור ההפלגה", קומט דאָס פלוצימדיקע געשריי פונם א קינד, וואס איז אריינגפאלן, אין דעם פּאַמוניעס-שיסל, און פון אתיכחה-לאווע, וואָס זעצט פון רבינס ווייב׳ס פייערדיקן מויל...

צו האָט דאָס קינד, וואָס האָט פארבראכט זיינע קינדהייט-יאָרן, אין אַזאַ ענגען געפענגעניש, געקאָנט שעפן לעבענס-לוסטיקייט? צו האָט דאָס פאר דער צייט פארעלטערטע קינד אין דעם לעבעדיקן קבר-גרוב געקאָנט אַנקלייבן די נויטיקע פסיכאָ-פיזישע קרעפטן פאר זיין צוקונפטיקן שווערן לעבענס-וועג? צו האָט אין אַזאַ פארסמטער אטמאָספער געקאָנט זיך אויס-קריסטאַליזירן דער הומאַניטארער, געזעלשאפטלעכער כאַראַקטער פונם קינד? דער כאראַקטער, וואָס דאָס קינד דארף ברענגען, ווי א מתנה דער געזעל-שאפט, דעם פאָלק און דער גאנצער מענשהייט? צו האָט דאָ אין אזא „עמק עכור" געקאָנט זיך אויסשמידן די ווילנס-קראַפט פון קינד, זיין „איך", זיין זעלבסטבאוווסטזיין, זיין עסטעטיש געפיל, כדי שפעטער, ווען ער וועט שוין זיין א דערוואקסענער מענטש זיין איינגעשפּאַנט אין לעבענס-יאָך, זאָל ער קענען אויף א ווײַלע זיך אָפּווענדן פון דער שווארצע כמאַרע זאָרג, און זיך באגייסטערן מיט דער שיינער, פראכטפאלער נאטור? האָט מען דאָך טיף אין זיין הארצן, נאָך אין דער פריסטער קינדהייט, איינגעקריצט דעם „כל המפסיק ממשנתו ואומר: מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה, הרי זה מתחיב בנפשו" — ווער עס רייסט איבער אויף א ווײַלע זיין לערנען און פארקוקט זיך אויף דער שיינער נאטור, ברענגט בידים אויף זיך דעם טויט!... — — — — — —

עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס פאר א שמחה איז ביים חדר-קינד געווען פארעכנט א קראנקהייט-פאל ביים רבין, אָדער, פארקערט אן אבלות אָדער גאָר א מזל-טוב ביי א געבורטס-פאל ביי דער רביצן...

דערמאָן איך זיך דעם דובנער מגידס א משל: א רוסישער מיניסטער האָט באַזוכט אמאָל פאַרשיקטע קאַטאַרזשניקעס אין די קוילן-גרובן פון קאַלטן סיביר. געפינענדיק זיי אויסגעמאַגערטע און נידערגעשלאָגענע, ווערט דער מיניסטער אויפגעבראכט אויף די אויפזעער און פרעגט: „צו גיט איר זיי עסן"?! „אַדרבא — ענטפערן זיי אים — מען שפּייזט זיי זייער גוט" — אויב אַזוי — פרעגט דער מיניסטער — „פאר-וואָס זעען זיי אַזוי שלעכט אויס"? — דערפאר — ענטפערן זיי איהם — „ווייל זייער ארבעט איז זייער א שווערע: א גאנצן טאָג דארפן זיי בלאָזן די קוילען אין די אויוונס, זיי זאָלן זיך ניט אויסלעשן. דאן רופט זיך דער מיניסטער אָפּ: — איר, אידיאָטן גרויסע! צו דען זיינען קיין בלאָז-זעק אויף דער וועלט ניטאָ? אָיך וועל אייך אַריינשיקען בלאָז-זעק. אַוועקגעפאָרן, האָט דער מיניסטער זיי צוגעשיקט אַ וואַגאָן בלאָז-זעק. אין א צייט אַרום באַזוכט זיי דער מיניסטער אַ צווייט מאָל; ווי אַנטוישט איז ער געוואָרן, זעענדיק, אַז אין די אויוונס ברענט קיין פייער ניט, און אין די קוילנגרובן אַרבעט קיינער ניט. דאַן פרעגט ער מיט צאָרן: — צו האָב איך דען קיין בלאָז-זעק אויך ניט געשיקט? — יאָ, זאָגן זיי אים — דו האָסט אונז בלאָז-זעק יאָ געשיקט, אָבער איידער זיי זענען אָנגעקומען, האָבן די קאַטאָרזש-

ניקעס אויפגעהערט בלאָזן און אויפהאַלטן דאָס פייער... ביז די לעצטע פונקען האָבן זיך אויסגעלאָשן... און ווען די בלאָז-זעק זיינען אָנגעקומען, איז שוין ניט געווען וואָס אויפצובלאָזן... אזוי איז אויך געווען מיטן יידישן קינד אין שערשעוו. אָט, אָט דאָבן די לעצטע פונקען, פון וועלכע מען זאָל קענען אין דעם קינדס הערצעלע אויפבלאָזן דאָס פייער פון ליבשאַפט צו דער וועלט, צום פאָלק און צו דער אַרומיקער סביבה—געהאַלטן ביים אויסגעלאָשן ווערן... אָבער ס׳האָבן זיך געפונען מענטשן מיט אַ ברייטערן קיק אויף דער וועלט, מענטשן מיט אַ באַגריף פאַר אַ בעסערער דערציונג פאַרן קינד, און האָבן אָנווענדנדיק זייער גאַנצע ענערגיע, געשאַפן דאָס „מקום מקלט", דאָס גן-עדן-ווינקעלע פאַר די שערעשעווער קינדער. זיי האָבן אויף קיין בלאָז-זעק פון מיניסטער ניט געוואַרט. אינסטינקטיוו האָבן זיי געפילט די פאַרשטייענדיקע געפאַר פון זיצן מיט פאַרלעגטע הענט און וואַרטן אויף דעם ישועה-טאָג.. פאַרזאָרגטע מיט דער טאָג-טעגלעכער פרנסה, האָבן די עסקני-דצבורא דערפילט, אז דאָס קינד וואָס וועט דערצויגן ווערן אין אַ ברייט-געזונטן היגיענישן בניי, ביי אַ געשולט-קוואַליפיצירטן לערער-פערסאָנאַל און אין אַן אטמאָספער פון פרייהייט און שמחה, וועט אויך אליין זיך אויסלייגן דעם וועג, וואָס פירט צו דער באַפרייאונג פון פאָלק, „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז"—דורך די קליינע זויג-קינדער ווערסטו, פאָלק, דיין פעסטונג גרינדן—לערענט אונז דוד המלך, דער נעים זמירות בישראל. ווען איך ווענד צוריק אָפּ מיין בליק פון חושכדיק נאָענטער פאַרגאַנגענהייט און קוק זיך צו צו דער פרוכט פון קעגנוואַרט, צו דעם פועל-יוצא פון די 10 יאָר שווערע אַרבעט, זע איך: אַ מחנה פון העכער הונדערט יוגנטלעכע מיט פעסט-געבויטע קערפּערס און מיט אַ געזונטער, אָפּטימיסטיש-האָפנונגס-פולער נשמה, פול מיט ענערגיע, מיט אַ שטרעבונג צו אַן אידעאַל און מיט אָרויענטאַציע אויפן שווערן לעבנס-וועג,—דאַן רייסט זיך ארויס פון מיין טיפן האַרצן אַ ברכה פון „שהחיינו"; דאַן שטרעקט זיך אַליין די האַנט אויס צו דריקן האַרציק די הענט פון די, וואָס האָבן דאָס גן-עדן-ווינקעלע פאַר די קינדער געשאַפן. עס ווילט זיך זאָגן צו אָטאָ די מענטשן, וועלכע האָבן ניט נאָר געבויט נאָר אויך אויפגעהאַלטן די שול ביז היינט צו טאָג, טראָץ די אַלע שוועריקייטן, טראָץ די קריזיסן: „תחזקנה ידיכם"!—געשטאַרקט זאָלן זיין אייערע הענט! זייט שטאָלץ מיט אייער אַרבעט, גייט ווייטער אויף דעם זעלבן גאָלדענעם וועג און זעצט אים פאָר אויך אין דער צוקונפט.

---

## די מיטגליעדער פון דער בוי־קאָמיסיע



✕ פאָרזיצענדער ח. קרוגמאַן.

# 10 יאָר „יבנה״־שולע ביי תרבות אין שערעשעוו.

## בראשית...

געוועזן אמאָל א ייד אין שערעשעוו-מארקל (מאַרקל ב״ר וואָלף פּאָמע־ראַניעץ) האָט ער גיהייסן. פאַרשידענע סיבות האָבן איהם אין דעם קאַלטן סיביר, אין דער שטאָט אירקוטסק, פאַרטריבן. עלטערע מענטשן פון „יענעם״ דור דערציילן נאָך, ווי מארקלס מאמע האָט, נעבעך, פאַרגאָסן ביטערע טרערן אויף דעם אומגליק, וואָס איר האָט געטראָפן מיט מאַרקלען; ער איז פאַרטריבן געוואָרן צווישן גויים אין קאַלטן, גרויזאמען סיביר און איז פון יידישקייט דערווייטערט און פאַרפרעמדט געוואָרן. גרויס איז געווען די עלטערנס צער פון זועגן זייער אומגליקלעך-עלענטן „בן, שנשבה בין הגויים״... און לאַנג־לאַנג איז דער „גירוש״ מארקל׳ס געווען דער הויפּט-שמועס צווישן די שער־שעווער איינוווינער; ביז דער ענין איז לאנגזאם פארגעסן געוואָרן, ווי ס׳זענען פארגעסן געוואָרן נאָך אַ סך זאכן פון „יענע״ גוטע צייטן, ווען דער היגער יידישער ישוב האָט זיך געצויגן פון עק קאמעניעצקער ביז עק פרוזשענער גאס (היינט־צו־טאָג זיינען עס „גוישע גאסן״).

# „והשיב לב בנים על אבותם"...

א יידישע נשמה איז אָבער שווער אָפּצושאצן. אויך פון סיביר האָבן אָנגעהויבן דערגיין גרוסן פון דעם פּאַרטריבענעם מארקלען, וועלכער האָט זיך „דאָרט" ארויפגעאָרבעט, געוואָרן אן „עושר" — א „פּיצרווי-גילדי-קופּיעץ"... אויך „דאָרט" האָט מארקל זיין יידישקייט נישט פארגעסן; זיין ווארים יידיש הארץ האָט אפילו דאָס קאלטע סיביר נישט געקענט אויסקילן. אמת, פון „מארקל וועלוועלס" איז ער „דאָרט" „מארק וואסיליעוויטש" געוואָרן, אָבער זיין געבורטס-שטעטל שערעשעוו מיט איר יידישקייט איז ביי אים אין הארצן פארבליבן טיף איינגעוואָרצלט. דעם יידישן פונק פון דערהיים האָט ער אין הארצן געטראָגן און ווען דער „גנעדיקער צאר" האָט מוחל געווען די „פשעים" פון כלל-ישראל (אמנעסטיע, בלע"ז), איז אויך מארקלען געלונגען ארויסצובאַקומען זיך אויף א שטיקל צייט פון אירקוטסק; איז ער אויף „קברי אבות" קיין שערעשעוו געקומען. „גרוי און אלט איז ער שוין דאן געווען" — אַזוי דערציילען אונז די איינגעבויגענע שערשעווער אלטיטשקע בעלי-בתים, וועלכע זענען נאָך דעמאָלט יונג געווען.

# די נדבה.

אויף קאמעניעצקער גאס האָט מאַרקלס-פאָטער, וואָלף, נאָך זיין טויט א פּלאַץ מיט א שטוב איבערגעלאָזט; אין הויז האָט געוווינט מארקלס שוועגערין, אן אלמנה נאָך זיין פארשטארבענעם עלטערן ברודער, זעליק. מארקל קויפט-אויס די „ירושה" ביי זיין שוועגערין, דערקויפט א גרעסערן שטח פּלאַץ און נאָך א הויז דערביי ביי דעם ה' יצחק סטאָלאר (צוזאמען א שטח פון 15 אויף 80 קלאַפטער) און שענקט דאָס דער שערעשעווער יידישער געמיינדע אויף א „הקדש"; די הכנסה פון „הקדש" האָט ער באשטימט אויף צאָלן שכר-למוד פאר אָרימע יידישע קינדער אין שערעשעוו.

# די צוואה.

מארקל האָט זיך צוריקגעקערט קיין אורקוטסק, נישט איין דערוואקסענער אָרימער שערשעווער יונגערמאַן האָט איהם מסתמא צו פאַרדאנקען זיין „הקדש"-שכר-למוד (ליידער באַזיצן מיר ניט קיין דאָקומענטן וועגן דעם). זייענדיק אין שערעשעוו, האָט זיך אָבער מאַרקל באַקענט מיטן נידריקן דערציאונג-מצב פון יידישע קינדער אין זיין געבורטס-שטעטל — און ער, דער אירקוטסקער „פּיצרווי-גולדי-קופּיעץ", האָט נישט געקענט פארשטיין, ווי אַזוי שערעשעווער יידן „ווארימע" יידן מיט פולער יידישקייט, קאָנען זיך באגנוגענען מיט די „חדרים" און וועלכע זייערע קינדער גרייטן זיך, צו ווערן „געזונטע"... קאליקעס און „לעבעדיקע"... בטלנים אויפן גאנצן לעבן...

ה' מאַרקל „ריזיקירט" און אין זיין צוואה, וואָס איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרן ביים אירקוטסקער נאָטאריוש, וולאַדימיר גריגאָריעוויטש ראַזומאָוו דעם 12 נאָוועמבער 1910, באַשליסט ער צו העלפן זיינע שערשעווער ברידער גרינדען

א מאָדערנע שולע פאר יידישע קינדער. צווישן די 14 פונקטן פון דער צוואה, אין וועלכער ס'זיינען דאָ פאַרשיידענע פאמיליען-באשלוסן, לויטעט דער פונקט 2 אזוי (אין דער איבערזעצונג פון רוסישן אָריגינאל):

„אין נאָמען פון גאָט פון ישראל". איך, דער סוחר מארק וואַסיליעוויטש, מאַרקוס, זין פון וואָלף פאָמעראַניעץ, אויפן פאל פון מיין טויט באשטים איך פאָלגענדעס:

אין שטעטל שערעשעוו, פּרוזשענער אויעזד, גראָדנער גובערניע, דאַרף געגרינדעט ווערן א שולע צו דערלערנען יידישע קינדער די העברעישע ליטעראַטור, רעליגיע און די רוסישע ליטעראַטור מיטן באַדינג, אז די שולע זאָל געבן אירע שילער אן אלזייטיקע אויסבילדונג, און זאָל זיי צוגרייטן פאר טרייע בירגער פארן פאָלק און פאַר דער מלוכה. אויף אויסצובויען די שולע באַשטים איך א טייל ערד אין דעם אויבנדערמאָנטן שטעטל, שערעשעוו, אויף קאמעניעצקער גאס, וואס איז דורך מיר געקויפט געווארן ביי די יורשים פון זעליק פאָמעראַניעץ, די אלמנה: פייגע פאמעראַניעץ און איר שכן. די ערד האלט אין דער לענג 80 קלאַפטער (סאזשען) און אין דער ברייט $13^1/_2$ קלאַפ-טער, אויסער דעם באשטים איך א קאַפּיטאל פון 13,000 רובל, פון וועלכע 10,000 דאַרף אריינגעלייגט ווערן אין א מלוכה-באַנק אויף אייביקע צייטן אין מזומנים, אָדער אין ווערט פּאַפּירן — מיטן באדינג, אז די פּראצענטער זאָלן גיין אויף פּענסיע פאר די לערער און אויף דער יערלעכער הוצאה פון אויסהאלטן די שולע; אין די 3000 רובל דאַרפן פארנוצט ווערן אויף אויס-בויען א ציגל-הויז פאר דער שולע, אויף אויסמעבלירן זי און איינקויפן לערן-מכשירים.

די 3,000 רובל אויפן אנגעוויזענעם צוועק זיינען שוין דורך מיר אי-בערגעגעבן געווארן דעם קאמיטעט פון דער „געזעלשאפט צו פארשפּרייטן בילדונג צווישן יידן אין רוסלאנד". די רעאליזירונג פון דעם פונקט האט — מיט דאנקבארקייט — איבערגענומען די „געזעלשאפט צו פארשפּרייטן ביל-דונג צווישן יידן אין רוסלאנד", וואס איר פארוואלטונג געפינט זיך אין דער הויפט-שטאט, פּעטערבורג, אויף זאמיאטינא געסל, הויז נר. 4. אויב די דער-מאנטע געזעלשאפט וועט צוליב וועלכער ניט-איז סיבה ניט קאנען רעאליזירן מיין באַשלוס, דעמאלט וועלן מיינע יורשים עס פאַרווירקליכן; זיי וועלן זיך באַמיען אויסצובויען די שולע; דערביי וועלן זיי באקומען פון דער אויבענ-דערמאנטער געזעלשאַפט די 3.000 רובל".

(גאָר אַמאָל שטרייך איך אונטער, אַז די שולע דאַרף געגרינדעט ווערן אומבאַדינגט אין שטעטל שערעשעוו און נישט אין אן אנדער שטאט. די קינפטיקע שול-פארוואלטונג, די אנפירערשאפט מיט איר פּראגראמאטיש-דער-ציערישער טעטיקייט, ווי אויך די לייטונג און די אדמיניסטראציע — דאַרף זיך שטיצן אויף דער אחריות פון דער שערעשעווער יידישער שטאטישער געזעלשאפט — אין דער פּערזאָן פון א געווײלטן (דורך דער יידישער געזעל-שאפט) קאָמיטעט פון פיר מענטשן — אונטערן פארזיץ פון ארטיקן רב און

אונטער דער אויפזיכט פון דער „געזעלשאפט צו פארשפרייטן בילדונג צווישן יידן אין רוסלאנד". דער אפוטרופוס פון דער שולע וועט נאך מיין טויט זיין מיין זון, משה פאמעראניעץ; נאכדעם דער עלטסטער פון מיין משפחה — לויט דער ריי".

פון דער צוואה איז צו זען, ווי ווייט דער פארטריבענער און דאך נאענטער מארקל פאמעראניעץ האט באנומען טיף די גאבעלע מיסיע פון דערציען די קינדער פון דער שערעשעווער יידישער געמיינדע.

---

# אין יאָרן פון חורבן און אונטערגאנג.

ס'איז אָבער נישט געווען באַשערט (און אפשר איז נאָך שערעשעוו נישט ראוי געווען?), אז די צוואה זאָל אויסגעפירט ווערן, און שערעשעווער יידישע קינדער זאָלן פטור-ווערן פון די אלטע, ענגע, ווילגאָטנע חדרים-שטיבלעך, און באקומען זייער דערציאונג און בילדונג אין א מאָדערנער שולע. ס'האָט זיך אין קורצן אונטערגערוקט דאָס שוידערלעך פאטאלע יאָר 1914. די יינגערע און בעסערע כוחות פון דער היגער יידישער געזעלשאפט זיינען אוועקגעריסן געוואָרן פון זייער היים צו די פארשידענע קריגס-פאָזיציעס, אויף די „פראָנטן"; די וואָס זיינען איבערגעבליבן אינם האלב פארברענטן שטעטל, די זקנים און מינדעריעריקע, זיינען געווען פארנומען מיט די טאָג-טעגלעכע דאגות און זאָרגן, וועלכע האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין אונזער אלעמענס זכרון... דער געוועזענער רב ר' יצחק מאיר מאיראָוויץ, אויף וועמענס הענט עס האָט זיך געפונען די צוואה, האָט מיטן מאָמענט, ווען די פאָזיציע האָט זיך דערנענטערט צו שערעשעוו (אין יאָר 1915) פארלאָזן די שטאָט. מיטן רבס אוועקפאָר איז דער ענין אין גאנצן פארגעסן געוואָרן. אין די „צוואה-הייזער" האָבן אין דער צייט פון דער מלחמה געוווינט די אלמנות און נשרפים פון פארשידענע היגע געוועזענע „כלי-קודש". שטעטל איז פארארימט געוואָרן. די דייטשעשע אָקופאציע האָט אינגאנצן רואינירט דאָס שטעטל. די טיפוס-עפידעמיע וועלכע איז פארשלעפט געוואָרן דורך די קעמפנדיקע ארמייען האָט א סך צענדליקער יינגע נפשות אוועקגערויבט פאר דער צייט. צוליב דעם וואָס די אָקופאנטן האָבן רעקווירירט די שפייז-מאטעריאלן ביי דער באַפעלקערונג — האָט זיך דער הונגער פארשטארקט, דער פועל-יוצא איז געווען: אומצאָליקע טויט-פאלן. ס'קומט די גזירה פון דער דייטשעשער אָקופאציע-מאכט וועגן „צוואנגס-ארבעט". א שענדלעכער געיעג הייבט זיך אָן אויף די ייגענטלעכע; א טייל ווערט צעשיקט אין פארשידענע פונקטן; א טייל איז דורך א נס זיך צעלאָפן, וווהין די אויגן האָבן געטראָגן: אייניקע אין דער גרעסערער שטאָט וואו די פארפאלגונגען זיינען אין א געוויסער מאָס געווען שוואַכער, אנדערע — אויף א קאָנדיציע ביי א ישובניק א. ד. גל....

בתי-מדרשים זיינען אין שפיטאלן, אין טעאטערס פארוואנדלט געוואָרן, דאָ האָט מען געהיילט די מלחמה-קראנקע; פאר די פאראָרימטע האָט מען

געלט-מיטלען געזאמעלט, נאָך איידער זיי זיינען קראנק געוואָרן... עלטערע מענטשן זיינען ווי פי געטריבן-געוואָרן אין מרחץ וואו מען האָט זיי מיט א ציניש-קאלטער גרויזאמקייט די בערד געשאָרן. צווישן די באָרד-געליטענע איז אויך הרב ר' אברהם אהרן געווען, ער האָט זיך אפגעשטעלט אין שרעעשעוו אלס ממלא-מקום פון הרב ר' מאיר יצחק מאיראָוויץ. די גרויזאמקייט האָט דערגרייכט איר קולמינאציע פונקט: מ'האָט איינגעשפאנט ר' אברהם וועלוול דעם מלמד און ר' שלום פינסקי און נאָך אנדערע עלטערע, שוואכע יידן און מ'האָט מיט זיי גערטנער געאקערט... מ'האָט באדארפט פארשידענע גרינס פאר די אָקופאנטן אין שרעשעוו!... אין די דאָזיקע שווערע טעג האָט זיך קיינער נישט אינטערעסירט מיט אזעלכע „נארישקייטן", ווי בילדונג, דערציונג. דערווייל זיינען ווי א רעזולטאט פון דער מלחמה געקומען גרויסע פאָליטישע און ווירטשאפטליכע אויפטרייסלונגען אין דער וועלט. ס'איז איבערגעריסן געוואָרן מיט פריינד אין רוסלאנד, ווער רעדט אין סיביר!

די 3,000 רובל ביי דער „חברת-מפיצי-השכלה" זיינען פארשוונדן געוואָרן צוזאמען מיט דער „חברה" גופא. פון מארקלען זיינען מער קיין שום ידיעות נישט אָנגעקומען; פון זיין גוט ווילן און איידל פלאַן איז איבערגעבליבן (אלס אַ שארית-הפליטה) דער אויבנדערמאָנטער פלאַץ. (די צוויי הייזער זיינען פארברענט געוואָרן בשעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע); א זכר פון א „ייד, וואָס איז אַמאָל געווען אין שרעשעוו".

---

## יורשים עליך, שרעשעוו!!!

צווישן די הייזער פון צוויי ווייס-רוסישע פויערים אויף קאמעניעצקער גאס נר. 11 האָט זיך געפונען א גרויסער, ליידיקער פלאַץ, וועלכער האָט געווארט אויף זיינע אויסלייזער. אין פרוזשענע האָבן געוווינט מארקל'ס קרובים, ברידערן זין: ברוך און משה-שמואל פאָמעראַניעץ. זיינען זיי געקומען קיין שרעשעוו און אין א טונקעלן פרימאָרגן פאַרקויפט „זייער" ירושה-פלאַץ אַ געוויסן פויער קאַלענעיקאַ, וועלכער האָט פאַרזייט אויפן פלאַץ תבואה... דער פויער מורא האָבנדיק פאר די שרעשעווער יידן, האָט געטאָן זיין מלאכה אין די שבתדיקע פרימאָרגן-שעהן, דאַן ווען יידן האָבן געמיטלעך געשלאָפן, אויסגערוט די מידע ביינער פון וואָכעדיקע פרנסה-טעג.

---

# דער ויצעקו פון קליין ביז גרויס:

דער שכן דניאל מייסטער, האָט אָבער צופעליק באַמערקט דעם פויערס מלאכה. לויפט ער און מאַכט א גוואַלד; ער האָט אויפגעוועקט די ראשי-הקהל; ה' יחזקאל קרוגמאן, יוסף פאָמעראַניעץ, יוסף פאנטעל און נאָך אנדערע. בליץ שנעל איז גאַנץ שטעטל געשטאַנען אויף די פיס. ס'איז אויסגעקומען ווי

מ׳וואָלט דערפילט די געפאר וואָס עס שטייט פאר דער צוקונפטיקער דער-ציונג פון יינגן דור אין שערעשעוו. נאָך פיל אַמפערניש — האָט מען מיט גוואלד פאַרטריבן דעם פויער פון פלאַץ; מ׳האָט אַוועקגעשטעלט א שטאַרקע וואַך — דער פויער זאָל ניט קומען פונס׳ניי און אָפטאָן זיין פאַרכאַפּונג-מלאכה...

זונטאָג 12.V.1924 אַכט א זייגער פרי זיינען בחפזון געלייגט געוואָרן בחנם דורך היגע סטאָליאַרעס (ר׳ חייקל נירענבלאַט ז״ל, ר׳ זלמן ליווקאָוויטש, ר׳ חיים טענענבוים און ר׳ דוד טענענבוים) „פאָדרובעס" אויף א שול-בנין, די פאָדרובעס זיינען געשמידט געוואָרן אומזיסט דורך כמעט אלע שטאָטישע שמידן. דער היסטאָרישער טאָג וועט בלייבן אויף אייביק איינגעקריצט אין אונזער זכרון, ווייל מיט אים הייבט זיך אָן די דאַטע פון א ניי-אָנקומענדיקער עפּאָכע, אָן עפּאָכע פון אויסערגעוויינלעך שווערער ארבעט פאר די עלטערן-עסקנים אויפן געביט פון מאָדערנער דערציונג ביים אויפוועקן דעם נאַציאָנאַל גייסט ביי די יינגנטלעכע. די בוי קאָמיסיע, וואָס איז אין דעם זעלבן היסטאָרישן שבת געשאַפן געוואָרן און אין שפּיץ פון וועלכער ס׳איז געשטאַנען דער אונערמידלעכער, איניציאַטיוו-פולער, ענערגישער עסקן, ה׳ יחזקאל קרוגמאַן (ער ארבעט אָן אויפער ביז היינט צו טאָג), האָט פארשטאַנען אַז אויב מ׳וועט ניט אויסנוצן די געלעגנהייט צו דערוועקן דעם כח ביי די שערשעווער פאַרגליווערטע אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן, וועט אזעלכעס אַזוי שנעל שוין ניט טרעפן. מיט זיין גאַנצער איניציאַטאָרישער קראַפט טרעט צו דער פּרעזעס, ה׳ יחזקאל קרוגמאַן, אָרגאַניזירן די בוי-קאָמיטעט-חברים און וועקן אין זיי די אַמביציע צו פארווירקלעכן אַזאַ נאָבעלע אויפגאַבע, ווי אויפבויען אַ שול בנין פאר די שערשעווער קינדער. א סך האָט מיטגעהאָלפן דער טעטיקער עסק׳ן ה׳ שלמה אווערבוך, וועלכער געפינט זיך איצט אין אַמעריקע.

ס׳איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אַז צו דער דיספּאָזיציע פון דעם פּרעזעס האָט זיך קיין איין קהלשער שילינג ניט געפונען... ה׳ יחזקאל קרוגמאַן איז ניט פון די, וואָס באַלד ווערן זיי אָפּגעלאָשן; מיט זיין אייזערנער עקשנות צו דערפירן זיין פּלאַן ביזן סוף, שרעקט ער זיך ניט אָפּ פאר דעם „חסרון-כיס" און גיט אויף די נויטיגע בוי-מאַטעריאַלן פון זיין אייגענעם געלט אָדער ער נעמט דאָס נויטיקע אויף זיין קאָנטאָ.

## אונזער שול, וואָס ווערט געבויט אין שערעשעוו.



## הכנסה קוועלן מן הגרן ומן היקב:

א דאַנק זיין איניציאטיוו, ווערט אָרגאניזירט די יוגונט, וועלכע שאַפט א דראַמאַטישע גרופּע, וואָס שפּילט פון צייט-צו-צייט, מיטן צוועק צו שאפן סומעס געלט לטובת דער זיך בויענדיקער שולע. צווישן די חברים פון דער דראַמאַטישער גרופּע, האָט זיך אַממערסטן אויסגעצייכענט מיט זיין אפּפערוויליקייט און איבערגעגעבענהייט לטובת דער שולע ה׳ משה מרדכי געלמאַן, טראָץ זיין שוואַכן געזונט-צושטאנד, איז ער ארויסגעטראטן אויף דער סצענע און געשפּילט ערשטראנגיקע ראָלן. אויך איז ער ביז זיין טויט געווען א טעטיקער מיטגליד פון דער בוי-קאָמיסיע, נאָכער אין שול קאָמיטעט. ערע זיין אָנדענק! די דראמאטישע גרופּע באַשטייט פון פאלגענדע פערזאָנען:
1. משה מרדכי געלמאַן, 2. שמואלביטש דער שערער, 3. לערער ראק שמואל, 4. קאנטאראָוויטש ראובן, 5. קאגאן הירשל, 6. בובל ראכאמעס, 7. קאנטאראָוויטש כאשקע, 8. פּאַטעראַניעץ שרה, 9. קירזנער אסתר לאה, 10. פעלדבוים שרה, 11. אלתר ראסיכאָווסקי, 12. שמעון לייענמאן. אויך איז די עובדה פון ה׳ קרוגמאן געווען: שאפן פאַר יעדער פאָרשטעלונג די אַנטשפּרעכענדע שטימונג (דורך אגיטאציע) ביי דער באַפעלקערונג, אַז זי זאָל מאסענוויַיז באזוכן דאָס טעאַטער.

מערקווירדיק איז, אז זיין געזעלשאפטלעך-סוחרישער חוש האָט אים קיינמאָל ניט אַנטוישט ביים זוכן אַנדערע הכנסות-קוועלן, וועלכע ער האָט

געשאַפן. א באַראַקטעריסטישע הכנסה-קוועלע, וואָס באַווייזט ווי-ווייט אטאָ דער ה׳ יחזקאל קרוגמאן איז געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דעם שול-געדאנק — איז: די דורך אים געשאפענע אתרוגים-הכנסה... אין 1924 זיינען אתרוגים, צוליב פאַרשידענע סיבות, געווען א יקר-המציאות. דאַן ברענגט ער געלעגענהייטלעך פון וואַרשע אָן אתרוג, מיט וועלכן ער איז מזכה די גאנצע שטאָט. א גאַנץ גרויסע פארהעלטנישמעסיק סומע געלט האָט ער דורכדעם אריינגעבראַכט לטובת דעם בנין.

ס׳ווערט ביי אים געבאָרן א געדאנק פון דורכפירן א „פלעט-אקציע“; און נאָך אזעלכע איינמאָליקע הכנסה-קוועלן. דער אימפולסיווער גייסט זיינער געפינט אָבער נישט קי ן פולקאַמער באפרידיקונג, ביז ער שאפט (נאך גרויסער מ[illegible] אוץ איבערמענשלעכער ענערגיע) סטאַביליזירטע, שטענדיקע הכנסה-קוועלן, ו[illegible] נדרים אויף חתונות, יו״כ קערות, שחיטה-אפצאלונג, פראצענטער פון חברה קדישא, סובסידיעס פון מאַגיסטראַט, פראצענטער פון מכירת המץ און היוועז, וועכענטלעכע באשטייערונג פון דער שערשעווער באַפעלקערונג און אָפצאלונג פארן באשטעטיקן מעטריקעס. צו דעם צוועק זיינען באשטימט-געווארן ספעציעלע „יאר-עדות“, וועלכע פלעגן ביי יעדן פאל פון באשטעטיקן א מעטריקע, נעמען א געוויסן אפצאל לטובת דער שולע. אט מיט אזעלכע ענלעכע מיטלען און דורך אזיינע וועגן איז דער שול געדאנק אריינגעדרינגען אין די ברייטסטע מאסן, ביז עס האט זיך איינגעבילדעט ביי יעדן, אז די שולע איז דער ליבלינג פון דער שערשעווער יידישער באַפעלקערונג. דאס איז געווען א זייער וויכטיקער דערציערישער באווייז פאר די קאָנסערוואטיווע עלעמענטן, וועלכע פעלן ניט אין יעדער שטאָט און באַזונדערס אין א קליין שטעטל; די אויפגאבע איז אויסגעצייכענט אויסגעפירט געוואָרן דורך דעם אָנערקענטן, פארדינסטפולן עסקן און פרעזעס, ה׳ יחזקאל קרוגמאן. די אלע געשאפענע שטענדיקע הכנסות, האָבן מער אָדער ווייניקער זיך געהאַלטן, ביז די קריזיס-יאָרן, און ביז דער אנשטייאונג פון דער שערעשעווער יידישער קהלה; מיט דעם מאָמענט איז, ווי מיט א צויבער-שטעקעלע אלץ אָפגעווישט און אָפגעמעקט געוואָרן פון דעם אויבערפלאך... אמת, א סך זיינען די הכנסות אָפהענגיק פון די באַדינגונגען פון דער צייט; אָבער א סך אויך פון דער ערמידונג און אויסגעשעפטקייט פון דעם ה׳ פרעזעס. די אקטיווערע חברים זיינע זיינען זיך צעפאָרען, און „איינער אויפן פראָנט איז קיין סאָל-דאט ניט“ — זאָגט דאָס שפריכוואָרט.

---

## ווער די גאנצע שטאָט ניט בויעז, וועט אומזיסט זיין די אַרבעט פון יחיד!

דאָס איז די לאָזונג, וואָס איז פראָקלאמירט געוואָרן דורך דעם געשאפענעם בוי-קאָמיטעט אין יענעם היסטערישן שבת.

---

# דער ענטוזיאזם.

אַ דאַנק דעם גוט-אָרגאַניזירטן בוי-קאָמיטעט איז געשאַפן געוואָרן אַן אַטמאָספער פון אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאזם. מיט וואָס יעדער איינער האָט געקענט — האָט ער געהאָלפן: ווער מיט אַ נדבה, ווער מיט אַרבעט. ווי אַמאָל יידן בשעתן בויען דעם משכן...

עס שטייט נאָך איצט פאַר מיינע אויגן אן אימפּאָזאַנט בילד, וואָס איליוסטרירט אַמבעסטן די מיטהילף פון דער שטאָט ביים אויפבויען די שולע און דעם ענטוזיאזם דערביי. געוועזן איז דאָס חוהמ"ס, 1924, אַ שיינער, זוניקער טאָג. די גאַסן — באַלעבאַטים פול מיט אויסגערוטע און אונטער דער יום-טוב-ווירקונג זאַרגלאָזע מענטשן אָנגעקומענע „חול-המועדניקעס". איך שפּאַציר בתוכם; פּלוצים: אַ שוואַרצע כמאַרע מיט מענטשן — עלטערע, יינגערע און גאָר פּיצלעך... און קולות — ביזן הימל: שטיינער! אָט איז אַ שטיין! איך בלייב שטיין און דערזע: אַ צענדליק פורען, אָנגעטריבן דורך אונזערע ראשי-הקהל מיטן פּרעזעס ה' יחזקאל קרוגמאַן אין דער שפּיץ; אַרום זיי — דער אמתער חדר קינדער!... מען קלייבט שטיינער אויפן פונדאַמענט פון שול-בנין, יעדער שטיין רופט-אַרויס אַ גוואַלדיקע שמחה ביי די עסקנים, ווי זיי וואָלטן מי יודע וואָס... געפונען! יעדער שטיין ווערט באַגלייט מיט אַ יובל-געשריי פון'ם המון קינדער. אָט האָט מען געפונען דעם אמתן גרויסן שטיין! מען דאַרף האָבן אויף אויפצוהייבן אים לכל הפּחות אַ צענדליק געזונטע עשׂוּס הענט... כ'ווייס ניט, ווי אַזוי און מיט וואָס פאַר אַ כּוח זיי האָבן דעם שטיין אַריינגעוואַליעט אין וואָגן, וואָס האָט די משא קוים-קוים אויסגעהאַלטן?! נישט-אַנדערש — די פאַרבאַהאַלטענע גבורה, די פּאָטענציעלע ענערגיע ווערט אין אַ צושטאַנד פון אַזאַ התלהבות אַנטפּלעקט אין מענטשן. כ'האָב אַ טראַכט געטון: „ווונדער וואָלט אַ מענטש געקאָנט שאַפן, ווען מען קען ביי אים אַרויסרופן אַטאָ דעם מין ענטוזיאזם"... זייער אַ סך און אפשר טאַקע 99% האָט מען פאַר דער התלהבות צו פאַרדאַנקען דעם פּרעזעס. אַ גרויסער פּסיכאָלאָג האָט געזאָגט: כדי אַרויסצורופן ביי אַ צווייטן ענטוזיאזם, אָדער גלויבן אין וועלכע עס איז זאַך, דאַרף דער מענטש אַליין זיין אַ דורכגעדרונגען מיט דעם זעלבן ענטוזיאזם, אָדער מיט דעם זעלבן גלויבן ביז אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. ווער עס האָט געזען אָט דאָס בילד, דער האָט זיך לייכט איבערצייגט, אַז דער יינגער מאַן, וועלכער פירט אָן מיט די שטיינער-קלייבער באַזיצט עס אין אַ גרויסער מאָס.

---

# שפטו נא ביני ובין היורשים...

די יורשים האָבן ניט רעזיגנירט פון „זייער" ירושה-פּלאַץ. נאָך דעם, ווי מ'האָט פאַרטריבן דעם פויער פונם פּלאַץ, האָבן די יורשים פאַרפירט אַ פּראָצעס מיט די ראשי-הקהל פאַר פאַראייגענען מיט צוואַנג „זייער" אייגנ-

טום... און ווען דאס געריכט האט אנערקענט, אז דער ירושה-פלאַץ געהערט דער שטאט, האבן זיי איבערגעגעבן דעם ענין אין א העכערן געריכט. ניט וועלענדיק פארלירן ענערגיע אויף אַזעלכע ענינים, באַשליסט דער בוי-קאָמיטעט אַדורכצוקומען אויף א פרידליכן אויפן מיט די יורשים. צו דעם צוועק ווערט אויסגעקליבן א דעלעגאַציע פון: הרב ר' אברהם אהרן וואַלדשאַן, ה' שמואל מייסטער א"ן ה' יחזקאל קרוגמאן, וועלכע פאָרן אין 27.X-1924 קיין פרוזשענע. אַ גאַנצע נאַכט האבן זיי אונטערהאנדעלט וועגן סכסוך ביים פרוזשענער רב; נאָכהער ביי ה' זלמן משה גינזבורג און צו קיין הסכם ניט געקומען, ערשט אויף מארגען פרי, אינם האטעל פון ה' גאלובאוויטש, איז דער סכסוך צווישן די בעלי דברים דערליידיקט געווארן בכי-טוב: מ'האט זיי געגעבן 125 דאלאַר. דער קאַנטראַקט, וועלכן די יורשים האבן אַרויסגעגעבן דער שערשעווער יידישער געמיינדע קלינגט אין דער ווערטלעכער איבערזעצונג פון העברעיש אזוי:

„בע"ה, אלס אן אייביקער באַווייז און פאקט ביי דער שערשעווער יידישער געמיינדע וועט דינען די — דורך אונז, אונטן אונטערגעשריבענע ברידער: בר"ך און משה-שמואל פאמעראַניעץ — באשטעטיקונג, אז דער פלאַץ אין דער שטאט שערעשעוו אין קאמעניעצקער גאס, וואס איז אריבער צו אונז בירושה פון אונזערע עלטערן, און וואס מיר האבן פארקויפט אונזער פעטער מארקל פאמעראַניעץ, וועלכער האט געשענקט דעם אויבנדערמאנטן פלאַץ אלס אייביקן געשאנק פאר דער שערשעווער יידישער געמיינדע מיט דעם צוועק צו בויען אויף אים את"ת-בנין—זיינען מיר וועגן דעם אויבנדערמאַנטן פלאַץ געקומען צו א קעגנזייטיקן הסכם מיט אונזער גוטן ווילן, באַקומענדיק אַלס פאַרגיטיקונג 125 דאָלאַר (הונדערט מיט פינף און צוואַנציק דאָלאַר). פון היינט אָן און ווייטער געהערט דער פלאַץ דער שערשעווער יידישער געמיינדע, וועלכע קאָן טון מיט אים וואָס זי וויל. ניט מיר און ניט אונזערע קינדער האָבן ניט קיין ירושה-רעכט אויף דעם פלאַץ. דאָס אויבן-געזאָגטע חתמענען מיר מיט אונזער גוטן ווילן און מיר באַשטעטיקן, אז ניט מיט קיין צוואַנג, און ניט דורך קיין דרוק האָבן מיר דעם סכסוך מיט דער שערשעווער יידישער געמיינדע דערליידיקט, דאָנערשטאק, דעם צווייטן טאָג אין חודש מרחשון, יאָר תרפ"ה, אין דער שטאָט פרוזשענע" אונטערשריפטן: ברוך און משה-שמואל פאָמעראַניעץ. אין אונזער אַנוועזנהייט איז דער אויבנדערמאָנטער אויסגלייך פאָרגעקומען לויטן יידישן דין און פאר אונזערע אויגן האָבן זיך, די ה"ה ר' ברוך און ר' משה-שמואל פאָמעראַניעץ אייגנהענטיק אונטערגעשריבן; אלס באַשטעטיקונג אויף דעם חתמענען מיר זיך אונטער אין דעם אויבן אָנגעוויזענער דאַטע. אונטערשריפטן: שמואל פינסקי, פייוול גאלובאָוויטש.

---

# די אָרגאַניזיר-הכנות צום שול-יאָר.

אין סוף פון 1926 יאָר—האָט דער בנין געהאַלטן ביים פאַרענדיקט-ווערן.

# אונזער שול, וואָס איז געבויט געוואָרן אין שערעשעוו.



כדי צו שאַפן א באָדן, אויף וועלכן עס זאָל זיך לאָזן גלייך נאָכן אויפבוי פון דער שולע אָרגאַניזירן א נאָרמאַלער, פאסנדער קינדער־קאָמפלעט, האָט דער בוי־קאָמיטעט איינגעלאדן ה׳ יעקב שרייבמאן פון פרוזשענע, וועלכער איז היינט צו טאָג גענעראל־סעקרעטאר פון דער „הסתדרות־המורים“ אין פוילן (דאמאָלט א געענדיקטער סעמינאריסט) צו וויזיטירן די היגע לערער, כדי פעסטצושטעלן, ווער פון זיי וועט זיין פאסיק פאר א ציקינפטיק לערער אין שולע. ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן: דער שרייבער פון די שורות; מען האָט, לויט דעם זעלבנם רעקאָמענדאציע, אנגאזשירט פון ווילנער לערער־סעמינאר דעם ה׳ באָקסער. אונזביידן איז אָנגעטרויט געוואָרן די מיסיע צו קלאסיפיצירן די קינדער אין דעם שול־עלטער און צוצוגרייטן זיי צום נייעם שול־יאָר. אין אויסערגעוויינלעך שווערע באדיגגונגען איז אונז, פיאָנערן־לערער אויסגעקומען צו ארבעטן אין א געדונגענעם הויז פון ה׳ אשר דעם שערער אין 2 ענגע צימערן זיינען מיר מיט די קינדער פון פארשיידענער עלטער און ידיעות געזעסן און עוסק־געווען אין דער „מלאכת־הקודש“. אויסשטייענדיק פארשיידענע נסיונות פון אלע זייטן...; נאָך פיל מי — איז אונז געלונגען צו קלאסיפיצירן די קינדער אין 3 גרופעס; מיר האָבן איינגעלאדן די פריילן גלאצער פון פרוזשענע. נאָך פינף מאָנאטן שווערער ארבעט איז אונז געלונגען נאָרמאליזירן מער־ווייניקער די קינדער אין זייערע ידיעות, און אריינפירן זיי אין דער דיסציפלין פון שול־לעבן. אזוי־ארום האָבן מיר געלייגט דעם פונדאמענט, אויף וועלכן עס האָט נאָכדעם באדארפט געבויט ווערן די גאנצע אינערליכע שול־ארבעט, וואָס זאָל אויספאָרמירן דעם אנטשפרעכענדיקן דערציערישן פרצוף פאַר וויטערטיקע־יאָרן.

## דער ערשטער לערער־פּערסאָנאַל

וואָס האָט צוגעגרייט די קינדער צום ערשטן שול-יאָר פון אונזער שולע.



# די גרינדונג פון דעם סניף־„תּרבּות" איז שערעשעוו.

דעם 9.III, 1926 פאַרבינדט זיך דער בוי-קאָמיטעט מיט דער צענטראַלע „תּרבּות" אין וואַרשע, מיטן צוועק צו שאַפן דאָ אַ לעגאַליזירטן סניף-„תּרבּות", אויף וועמענס נאָמען מ'האָט געזאָלט עפענען די שולע אויפן נייעם שול-יאָר 1926/27. אינטענסיוו און ערנסט אינטערעסירט זיך דאַן די צענטראַלע מיטן ה' משה גאָרדאָן אין שפּיץ, מיט ערטיילן אונז די געהעריקע אינפאָרמאַציעס און מיט אינטערוויניִרן ביי די אַנטשפּרעכענדע אַדמיניסטראַטיווע מאַכט-אָרגאַנען. דעם 19.IV יאָר 1926 קומט פאָר די אָפיציעלע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין הויז פון ה' יחזקאל קרוגמאַן, וווּ עס ווערט אויסגעקליבן אַ סניף „תּרבּות" קאָמיטעט און איר קאָנסטיטויִרונג. אַלס פּרעזעס ווערט דאַן פה-אחד געוויילט דער אַפּטייקער ה' אליהו בוימריטער ז"ל. דעם 23.IV יאָר 1926 ווערט דער סניף „תּרבּות" באַשטעטיקט דורך דער מאַכט, און אַריינגעצויגן אין דעם רעיעסטער פון די געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס פון פּרוזשענער קרייז — אונטערן נר. 243.

# די ערשטע וויזיטאציע.

דער סניף „תרבות" קאָמיטעט, וועלענדיק זיך איבערצייגן אין דעם פאָרשריט פון די קינדער, האָט איינגעלאַדן דעם דאַמאָלסדיקן מנהל און באַ-וווסטן פעדאגאָג פון דער פרוזשענער „תרבות" שולע, ה' אָקין. דעם 18.VI יאָר 1926 — וויזיטירט ה' אָקון אונזער „שולע". ער באקאנט זיך מיט דער פעדאגאָגישער אַרבעט און מיט די באַדינגונגען, אין וועלכע זי ווערט געפירט. אין צוזאמענהאַנג מיטן פאַרוויילן פון דעם גאסט אין שערעשעוו, ווערט איינ-געאָרדענט א פאָלקס-מיטינג אין גרויסן בית-המדרש. דער שרייבער פון די שורות רעפערירט און דער גאָסט, ה' אָקין. אַן אנגענעם רושם מאכט דער גאסט אויף דער שערשעווער יידישער באַפעלקערונג, שאפענדיק א סימפאַטישע געזעלשאפטלעכע אַטמאָספערע אַרום דער שולע.

# דער חנוכת־הבית...

נאָך שווערער ארבעט, אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונגען מצד דעם בוי קאָמיטעט האָבן מיר ענדלעך זוכה געווען צו פייערן דעם חנוכת-הבית-יום-טוב. ווער עס האָט ניט געזען די אויסגעגאָסענע שמחה אויף די פנימער פון די בוי-קאָמיטעט-מיטגלידער, דער האָט נאָך קיין ערנסט פריילעכן מענטשן אין זיין לעבן נישט געזען! באַזונדערס האָט זיך דאָס געמערקט אויף דעם מיט לייב און לעבן איבערגעגעבענעם פרעזעס, ה' יחזקאל קרוגמאן. ער האָט געהאַט אויף וואָס זיך צו פרייען, זעענדיק די פרוכט פון זיין שווערער ארבעט (הזורעים בדמעה ברנה יקצרו).

שבת פ' בלק, יאָר 1926, פייערט דער בוי-קאָמיטעט צוזאמען מיט אַלע סימפאטיקער דעם חנוכת-הבית. ס'איז איינגעלאַדן געוואָרן דער לערער פון דער פרוזשענער „תרבות" שולע ה' טינסקי, וועלכן מען האָט בדעה געהאַט צו אנגאזשירן אלס אָפיציעל מנהל פון דער שולע. שבת נאָכן דאַווענען זיינען געקומען די איינגעלאַדענע געסט ובראשם דער רב ר' נח ליוועראנט. אין א זייער געהויבענער שטימונג האָט מען פאַרבראַכט, אויסדריקענדיק אונ-זערע ווונטשן, ווי אויך אָנערקענונג די פאַרדינסט-פולע מיטגלידער פון דעם בוי-קאָמיטעט. א באַזונדערער יישר-כוח איז געוואָרן פה-אחד אויסגעדריקט דעם אומערמידלעכן עסקן-דצבורה, פרעזעס פון דעם בוי-קאָמיטעט ה' יחזקאל קרוגמאַן — און דעם אמעריקאנעם הילפס-קאָמיטעט, וואָס האָט געהאָלפן בויען די שולע. פאַרביסן מיט זיסע זאכן און פארטרונקן מיט א גלעזעלע שנאַפּס, זיינען די בעלי-שמחה אין א פריילעכער שטימונג זיך צעגאנגען.

# דער עלטערן־קאָמיטעט.

מיטן חנוכת-הבית האָט זיך געענדיקט די נאָבעלע אונאפשאצבארע אויפגאַבע פון די קיינמאָל ניט פארגעסענע פארדינסטפולע מיטגלידער פון דעם בוי-קאָמיטעט. איצט שווימט ארויף א צווייטע אויפגאַבע: אָרגאניזירן די שולע ויפן נייעם שול יאָר 1926/27. די אויפגאַבע באַשטייט אין אַנגאזשירן

אַ [illegible] פּערסאָנאַל און אין טראָגן די מאטעריעלע פאראנטוואָרטלעכקייט פון דער שולע. ס'קימט פאָר אין דעם זעלבן שבת צו-נאכט אַ אלגעמיינע עלטערן-פאַרזאמלינג אין גרויסן בית-המדרש. עס האָבן גענומען אַן אנטייל די ייגנ-טלעכע, דער גאַסט, ה' טינסקי רעפערירט אויף דער טעמע: „די העברעישע שול און איר באַדייטונג פאר דער אויפלעבונג פון נאַציאָנאַלן גייסט". נאָך דעם אינהאַלט-רייכן רעפעראַט, קומען פאָר געהיימע וואַלן צום עלטערן-קאָ-מיטעט. אין רעזולטאט פון די וואַלן זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פאָלגענדע פערזאָנען:

1. ה' יחזקאל קרוגמאַן (פרעזעס)
2. ה' אווערבוך שלמה
3. ה' קאַנטאַראָוויטש קאפעל
4. ה' קאנטאראָוויטש ראובן
5. ה' שיינבוים ברוך זליג
6. ה' קאביזעצקי יעקב מאיר (סעקרעטאר)
7. ה' שניידער זלמן
8. ראסיכאווסקי אברהם
9. ה' מאלעצקי פסח

אלס ערן-מיטגלידער זיינען פה-אחד אויסגעקליבן געוואָרן: 1. דער רב דמתא, 2. דער אַפּטייקער, ה' אליהו בוימריטער, ז"ל.

## די מיטגלידער פון דעם איצטיקן שול-קאָמיטעט.




## דער לערער פערסאָנאל אין יאָר 1926|27.

1. שטיין-מנהל, 2. דיאַמאנט, 3. יואל וואלדשאן 4. ראַבינאָוויטש, 5. גורעוויטש ב.

דאַס יאָר, לויט דער הויפּט-פּעדאגאָגישע אַרבעט, באַצייכנט ווערן ווי א יאָר פון אומאויפהערלעכן קאמפף מיט די איינגעוואָרצלטע שלעכטע נייגונגען ביי די קינדער, און פון זוכן מיטלען צו לינדערן די מאטעריעלע לאַגע. די דיסציפּלין-פראַגע גייט ניט אַראָפּ פון טאָג-אָרדנונג. עס ווערן א דורכגעפירט פּסיכאָלאָגישע כאראקטעריסטיקעס פון די שילער און עס ווערט לויט זיי אָנגענומען די אַנטשפּרעכענדיקע מיטלען פאר יעדן קינדערישן אינדיווידיאום באזונדער, כדי אים אויסצובעסערן. פון פראָגראמאטיש-דידאַקטישן שטאנדפונקט איז די ארבעט ניט קיין צופרידענשטעלענדיקע. סיבות דערצו זיינען פאַרשידענע. א סך ניט קיין אפהענגיקע פונם לערער-פּערסאָנאל, מחמת דעם, אין אַלגעמיין, נאָך ניט פולקאָם אָרגאניזירטער „תּרבות-שול נעץ" אין פּוילן, ווי אויך מחמת דעם, נאָך ניט, פולקאָמען שול-אינווענטאר און שול נויטיקע לערן-מכשירים.

די מעטאָדישע זייט פון דער ארבעט גייט אין דער ריכטונג און לויט די אָנווייזונגען פון די מאָדערנע פּעדאַגאָגישע וועג-ווייזער. א סך האָט געשטערט די לערער אין זייער ארבעט די אַפּאַטישע שטימונג, וואָס האָט זיי, די לערער באַהערשט דער ניט רעגולערער פּענסיע-אויסצאָלונג, ווי אויך צוליב דעם אַנטשטאנענעם סכסוך צווישן די לערער און דעם שול-קאָמיטעט אויפן עקאָנאָמישן באָדן, און באזונדערס צוליב שכירות פאר די צוויי מאָנאטן וואקאציעס. דער „ועד" האָט געוואָלט דורכאויס אָנערקענען פאר זעקס וואָכן. דער ענין האָט אפילו געבראכט צו א 2-טאָגיקן שטרייק ביי די לערער. קיין קולטור-טעטיקייט, אויסער דער שולע, איז מצד די לערער ניט געפירט געוואָרן.

## דער לערער פּערסאָנאַל מיט דעם 6-טן קלאַס.



## דער מנהל שטיין מיט די שילער פון פינפטן קלאַס.



## דאָס יאָר 1927|28.

די לערער: 1. ברוימאַן — פאָרזיצענדער פון פעדאגאָגישן ראט. 2, גאָלדבערג מושע, 3. וואלדשאַן יואל, 4. גורעוויטש ברוך, 5. מאַדריקאמען,

קיין נייס, קיינע שנויים ווערט דורך די לערער אין דער פעדאגאגישער ארבעט אין דעם יאָר ניט אריינגעבראַכט. עס גייט אלץ שאבלאָן-מעסיק אין דער ריכטונג פון דער דערוואָרבענער דערפארונג פון פארגאנגענעם יאָר. עס מערקט זיך אין געוויסע הינזיכטן אַפילו א ירידה. עס איז ניטאָ קיין קאָנזייטיקע פארשטענדיקונג צווישן די לערער וואָס שייך זייערע מעטאָדישע און דידאקטישע וועגן. עס פילט זיך אין א געוויסער מאָס א הפקרותדיקייט פון „איש הישר בעיניו יעשה". קיין פאקטישער מנהל וועלכער זאָל ספּיעציעל טראָגן די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער פעדאגאָגישער ארבעט אין דער שולע איז ניט געוועזן. אַלס פאָרזיצענדער פון פעדאגאָגישן ראַט איז באשטימט געוואָרן ה' בראומאַן, אויסער דער ארבעט אין שולע — ווערט קיין קולטור טעטיקייט צווישן דער יוגנט ניט געפירט.

---

## די שילער מיטן לערער-פּערסאָנאַל אין יאָר 1927/28.



## דאָס יאָר 1928|29.

די לערער: 1. שניידער יעקב— מנהל, 2. בוזשינסקי ש., 3. ברוימאַן שמעון, 4. גראָבער דאָבל, 5. וואלדשאן יואל, 6. מאָדריקאַמען.

דאס יאר האט געבראַכט מיט זיך פיל פאזיטיווע שנויים אין אלע פּרטים. דעריבער וואָלט מען אים געקענט באצייכענען אלס יאר פון דערגרויכונגען. פון פראגמאטיש-דידאַקטישן שטאנדפונקט קומט פאר א קאלאסאלע ענדערונג. עס עקזיסטירט א סטאבילע, נאָרמאלער פראגראם; דעם מאטעריאל באארבעטן די לערער פון פאראויס לויט א פלאן. זיי טיילן אים אַיין אויף מאנאטן אויף א גאנץ יאר. פאראן סיסטעם און פאראנטווארטלעכקייט אין דער אַרבעט. דער ארץ-ישראל-מאמענט ווערט דורך די לערער אויסגענוצט ביי יעדער געלעגענהייט און די ארבעט פון קק"ל צווישן די קינדער איז זייער א לעבהאפטע און פאַראינטערעסירנדיקע. חוצדעם ווערט אויך נעפירט א קולטור-ארבעט צווישן דער יוגנט אין פאָרם פון לעקציעס פון די פאָלגענדע געביטן: היסטאָריע, ליטעראַטור און פאָליטישע עקאָנאָמיע.

## דאָס יאָר 1929|30.

1. שניידער יעקב — מנהל, 2. בוזשינסקי ש., 3. גראָבער ד., 4. וואלדשאן י.

די ארבעט פון דעם יאר איז א פאָרזעצונג פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, דערצו מיט אויסבעסערונגען. עס שאפט זיך אווארעם-סימפאטישע סביבה ארום דער שולע. דער אויטאָריטעט פונם לערער וואַקסט אין די אויגן פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. אין דעם יאָר קימט פאָר דער ערשטער ארויסלאָז פון VII-טן קלאס (ניט קיין נאָרמאַלער, ווייל די קינדער האָבן ניט באַזוכט די שולע פון דעם I-טן קלאס אָן). אויך ווערט אין דעם יאָר איינגעאָרדנט אַן אימפאָזאנטע אויסשטעלונג פון די קינדער-ארבעטן, וואָס שפיגלען אָפ אלע געביטן פון לערנען.



דער פערסאָנאַל-לערער, סניף „תרבות", „השומר הצעיר"
און מיט די שולע קינדער.
(א ל"ג בעומר אויספלוג).



די אימפּאָזאַנטע אויסשטעלונג פון די קינדער-אַרבעטן
אין שול-יאָר 1929/30.

## דאָס יאָר 1930|31.

דער לערער פּערסאָנאַל: 1. קוטשינסקן מ, (מנהל), 2. קוטשינסקא דבורה, 3. טרונסקא טייבל, 4. וואַלדשאן יואל.

אין דעם יאר גייט די פּעדאַגאָגישע אַרבעט שאַבלאָן-מעסיק. קיינע נייעסן אין דער אַרבעט ווערן ניט אַריינגעבראַכט. קיין אַנטשפּרעכענדיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און געהעריקע איבערגעגעבנהייט מצד די לערער איז נישטאָ. אין אַלגעמיין קאָן מען פאַרצייכענען דאָס יאָר ווי ירידה-יאָר.

קולטור-אַרבעט חוץ דער שולע האָט זיך אויסגעדריקט אין דער אָרגאַניזירונג פון די אַרויסלאָז-שילער א. נ. „ארגון בוגרי—בית הספר".



דער לערער=פּערסאָנאַל מיט די שילער אין שול-יאָר 1930/31.

## דאס יאר 1931/32

דאָס יאָר ווערט מיט רעכט באַצייכנט אלס יאָר פון אָרגאַניזאַציע. אַן אויסגע-צייכנטע דיסציפּלינירטע אַרבעט ווערט געפירט דורכן לערער-פּערסאָנאַל. אַלס ביישפּיל קאָן באַזונדערס דינען די אַדמיניסטראַציע-אַרבעט. ס'ווערט אין דעם יאָר אָרגאַניזירט דער שול-אַרכיוו, וועלכער איז ביז איצט געווען אין תהו-ובהו-צושטאַנד.

דער לרערער-פּערסאָנאַל:

1. פּעקער יעקב-שמחה (מנהל).
2. וואַלדשאַן יואל
3. ניצבערג ישראל
4. האָכבערג דבורה.




די לערער מיט די שילער אין שול-יאָר 1931|32.

## דאס יאר 1932|33.

דער לערער-פערסאָנאַל:

1. פעקער (מנהל)
2. וואַלדשאַן יואל
3. יודילצוווסקי יעקב
4. האָכבערג דבורה

די ווערט פון דער פעדאַגאָגישער אַרבעט פונם לערער-פערסאָנאַל פון דעם יאָר ווערט אויסגעדריקט דורך אַ שריפטלעכער אָפּשאצונג אין דעם וויזי-טאַציע-בוך פונם אינספעקטאָר פון דער צענטראַליע „תרבית" ה' א. איינשטיין. ד ווערטליכע איבערזעצונג פון דעם העברעישן טעקסט לויטעט: 3 יאָר זיינען אַריבער, זינט מיין לעצטן באַזוך אין אונזער שולע „יבנה", ביי דעם סניף „תרבות", דאָ אין שערעשעוו.

איך אונטערשטרייך מיט פאַרגעניגן דעם פאָרשריט פון דעם דערציע-רישן אַנשטאַלט. כ'האָב געפונען דאָס מאָל אַ גוטע אָרגאַניזאַטאָריש-פעדאַגאָגי-שע אָנפירונג, א געפיל פון אחריות פאַר דער דערציערישער ארבעט אין דער שול, וואָס באַזיכט אויפ'ן באָדן פון א פולקאָם גאנצער העברעישער דערציונג. באזינדערס אונטערשטרייך איך, אז טראָץ די שווערע מאטעריעלע באדינגונגען פון דעם אנשטאלט, ווייזען די לערער ארויס (באזונדערס דער פלייסיקער מנהל, ה' פעקער יעקב-שמחה) גרויס איבערגעגעבנקייט אין דעם ריכטונג פון פעדא-גאָגישער פערפאָלקאָמענונג, און איך זאָג זיי: יישר כוחכם! זאָל זייער איבער-

געגעבענע ארבעט דינען פאר א ביישפיל פאר אלע אונזערע עסקנ״ם אויפן געביט פון דער העברעישער דערציונג,

שערעשעוו 1. XII—32

(דער אינספעקטאָר פון די העברעישע „תרבית״-שולן אין פוילן

א. איינשטיין.

אין דעם יאָר קומט פאָר דער צווייטער נאָרמאלער ארויסלאָז פון VII-קלאַס,

---

## אל״ג בעומר אויספלוג דורך די לערער, שילער און א טייל יוגנטלעכע פון דער אָרגאניזאציע „השומר הצעיר״ אין יאָר 1931|32



## דאס יאר 1933|34

דער לערער-פערסאָנאַל:

1. וואלדשאַן יואל (מנהל)
2. ליפּקינד אשר
3. יודעלעווסקי יעקב
4. סקובעלסקא שיינע

אין דעם יאָר גייט די שולע אריבער אויף קאָאָפּעראטיווע יסודות. דער שול-קאָמיטעט טראָגט ניט קיין מאטעריעלע אחריות פאר דעם שכר-למוד הכנסה (אויסער א פארפליכטונג פון א פאָר הונדערט זלאָט), דער נייער מאטע-ריעלער סדר, צו וועלכן די לערער זיינען ניט געוועזן געוווינט האָט ארויסגע-רופן מיספארשטענדנישן, וואָס האָבן אין רעזולטאט געגעבן א פארערגערונג פון דער ארבעט, הגם די אָרגאניזאטאָרישע, ווי אויך די פעדאגאָגישע טייל פון דער ארבעט איז געשטאנען אויף א גערעריקער מדרגה. נעמענדיק אין אכט די אנאָרמאלע באדינגונגען איז דאָך דורכן רעגירונגס-אינספעקטאר, וואָס האָט

באזוכט די שולע אין 21.II.34, אנערקענט געוואָרן א גרויסער פאָרשריט ביי די קינדער.

## דאס יאָר 1934|35.

דער לערער פערסאָנאַל:

1. וואלדשאן יואל (מנהל),
2. יודעלעווסקי יעקב,
3. סקובלעווסקי שיינע,
4. פאָמעראַניעץ לאה,
5. זונדאָוויטש יעקב.

דאָס יאָר האָט ארייגעבראַכט פיל פעדאגאָגיש-מעטאָדישע פאַרטיפונגען און נייעסן אין דער ארבעט. דער לערער-פערסאָנאַל דערפילט זיין אויפגאבע מיט דער פולער פאראנטוואָרטליכקייט. די אדמיניסטראטיווע און ווירטשאפטליכע זייט פון דער ארבעט איז ביישפיל-ווערט. פאראן א שטענדיקער קאָנטאַקט צווישן לערער און עלטערן, א הארמאָנישער צוזאמענארבעט מיטן שול-אינספעקטאָר; א שטענדיקע קאַראספאָנדענץ מיט דעם רעגירונגס-אינספעקטאָר, און מיט דער צענטראַלע „תרבות" אין פרט פון פעדאגאָגישע פראָבלעמען אין דער שול-ארבעט. עס ווערט אדורכגעפירט אַ קאַלאָסאלער רעמאָנט אין שולע, א דאַנק וועלכן די שולע באקומט א גענעריקן עסטעטישן אויסזען. פאר די הֶכערע קלאַסן ווערט אָרגאניזירט א קלוב צום לייענען און פארוויילונגען, ווי אויך אן אַרקעסטער פון 10 קינדער. קולטור ארבעט (אויסער דער שולע) ווערט געפירט אין פאָרם פון רעפעראטן פונ'ם געביט: ליטעראטור און היגיענע.

דאָס יאָר קאָן מיט רעכט באצייכענט ווערן אלס יאָר פון רעפאָרמען אין שול, ווי אן אָפשאצונג פון דער אָרגאניזאציע אין שולע אין דעם אויבנדערמאָנטן יאָר, קאָן דינען פאָלגנדיקער בריוו פון דער צענטראלע פון 10 אָקטאָבער 1934.

אָט איז דער בריוו:

צו דער פעדאגאָגישער לייטונג פון דער שולע „יבנה"

אין שערעשעוו.

אלס ענטפער אויף אַייער בריוו 25.X נומער 218/34, פון די דין-וחשבונס פראָטאָקאָלן פון פעדאגאָגישן ראַט און די האספיטאציעס האָבן מיר געהאַט די מעגליכקייט זיך אָפצושטעלן אויף אייערע אנשטרענגונגען אין דער ריכטונג פון פארטיפן די דידאקטישע יסודות אין דעם אנשטאלט און אריינברענגען סיסטעם און אָרדנונג אין דער טאָג-טעגלעכער אַרבעט.

אונטערשריפטן: גרינוואלד משה
ראבינאָוו ברוך

---

# די לערער מיט די שילער אין שול-יאָר 1934|35.



# די פייערונגז לכבוד די שול-ארויסלאזז.

במשך פון דער עקזיסטענץ פון דער שולע זיינען געפייערט געוואָרן 2 פייערונגען לכּבוד דעם פארענדיקן פון די קינדער דעם VII-טן קלאַס. דער ערשטער ארויסלאָז קומט פאָר אין יאָר 1929|30, דער צווייטער — אין 1932|33. באזונדערס צייכנט זיך אויס מיט זיין אימפּאָזאנטע פייערונג דער ארויסלאָז אין יאָר 1932|33, אין וועלכן עס נעמען אנטייל העכער הונדערט מאן; פאָרשטייער פון אלע אינסטיטוציעס און אָרטיקע אָרגאניזאציעס באַגריסן און ווינטשן גליק און ערפאָלג די אַבסאָלווענטן אין זייער ווייטערדיקן לעבנס-וועג. א הארציקע באַגריסונג באַקומען מיר פון אונזערע ברידער-שוועסטער אין אמעריקע. מיר ברענגען דעם ווערטליכן טעקסט פון דער באַגריסונג, וועלכער באַווייזט די צוגעבונדנקייט פון אונזערע אמעריקאנער צו זייער געבורטס-שטאָט שערעשעוו, און זייער פארשטענדעניש פאר דער מאָדערנער דערציונג פון יינגן דור.

„זייער חשובע פריינד!

לאנדסלייט טאטזאכלעכע אויפהאלטער פון דעם בילדונגס-אנשטאלט „יבנה" אין שערעשעוו, פאלגלעך אור-אור-איניקלעך פון רבי יוחנן בן זכאי, זצ"ל.

ווערטע פריינד! עס פרייט מיר זייער און זייער צו האָבן דעם כבוד און פארגעניגן אין נאָמען פון אלע שערעשעווער לאנדסלייט אין נוי-יארק, פון דעם שערעשעווער אונטערשטיצונגס-פאריין, פון דער שול אין בראָנזוויל און פון דעם נייגעגרינדעטן פרויען-פאריין אונטער דעם נאָמען „לײדעס אוקזילערי" (פרויען-הילפס-פאריין), אייך הארצליך און פריילעך צו באַגריסן. ביי דער געלעגנהייט זאָגען מיר

